I. יאהרגאנג. טארנאוו, דען 6 פעברואר 1908. Nr. 4.

# די יודישע שטימע

GŁOS ŻYDOWSKI.

דער פרייז אין טארנא:
גאנץ-יעהרליך 4 קר. — האלב-יעהרליך 2 קר. — פיערטעל-יעהרליך 1 קר.
דער פרייז אויף דער פראווינץ:
גאנץ-יעהרליך —.5 קר., האלב-יעהרליך 2.60 קר. פיערטעל-יעהרליך 1.50 קר.

ערשיינט יעדען פרייטאג.
Adres: „Jüdische Stimme"
Tarnów, Św. Anny Nr. 9.

יעדע איינצעלנע נומר קאסט אין טארנא 4 קרייצער.
אנאנסען: איינמאלינע קאסטעט 4 קראנען, פיר מעהרערע מאהל געבען מיר ראבאט.
צו בעקומען אין אלע טראפיקען.

## קמחא דפסחא.

ביי קהל איז א צינד אויף דער טאגעס-ארדנונג ס'פסח מעהל. מען ראדזשעט הין און א הער, אפשר מיינט איהר ס'ראדזשען איז ווי אזוי מען זאל ערלייכטערן דעם ארמען פאלק די אויסגאבען אויף דעם יום טוב? ניין נור אויף וואס פאר א אויפ'ן קהל וועט מעהר פערדיענען. דער „יודישע פאלקספעראיין" האט אפילו איינגערייכט צו קולטוס א געזוך און געבעטען מען זאל היי יאהר איבערגעבען דאס מעהל אהן שום רוח אים אפערטוועג אזוי ווי אין קראקא, אדער קהל זאל אליין פערקויפען אהן פערדיענסט מיט ריקזיכט אויף די גרויסע טייערונג וואס איז היי יאהר, אהן די צולאגע וואס קהל שטעלט צו צום מעהל וואס איז שוין אויך א שווערע לאסט אויף דעם פאלק. וויר האפען אבער פון אונזער קהל קיין שום בעריקזיכטיגונג הלואי זאלען מיר זיך האבען טייער געוויינט דאס געזוך צום קולטוסראטן לויטעט:

אן דען געעהרטען קולטוסראט אין טארנאוו. דער אויסשוס פונ'ם יודישען פאלקספעראיין אין טארנאוו האלט עס פאר שטאטוטענמעסיגע פפליכט דען געעהרטען קולטוסראט אין די אנגעלעגענהייט פון פסח מעהל צו ביטען דאס דער קולטוסראט זאל די היעגע בעפעלקערונג פערקויפען יום טוב'דיג מעהל אום דען איינקויפספרייז ד. ה. אהן צו רעכנונג פון א צולאגע, דיעזע ביטע ווירד בעגרינדעט מיט נאכשטעהענדען פאקטען:

1) שטעהט פעסט אז די היעגע קולטוסגעמיינדע צאהלט אליעהרליך פאר יום טוב'דיג מעהל א העכערען פרייז ווי אנדערע שטעדט פאר יו"ט מעהל צאהלען (ווער דעם רוח האט דערפון ווייס מען וואויל... הבחור הזעטצער) ארויף צו לעגען אויף דעם פרייז נאך א צולאגע בעלאסטעט צו שטארק די היעגע ארמע בעפעלקערונג און איז א גרויס אונרעכט.

2) דער פרייז פון מעהל איז יעטצט אונפערהעלטניסמעסיג האך זא ראס די אויפפעלצונג פון נאך ווייטערע צולאגען מאכט די ארמע קלאס אונמעגליך דיעזעם אונענטבעהרליכען לעבענס מיטעל צו קויפען.

3) אין דער איצטיגער צייט וואס אלע זענען בעשטרעבט די ארמע בעפעלקערונג צו ערלייכטערן די נאטה און צו שטילען דעם הונגער דורך ביליגער מאכען פון לעבענסמיטעל, קאן און דארף נישט די היעגע קולטוסגעמיינדע נאך קינסטליך העכערען דען קויפפרייז פונ'ם פסח מעהל.

4) דעם צוועקן פאר וועלכען דיעזע צולאגע ווירד צו גערעכענט ערוייכט מען סא ווי סא נישט דען פון די איינאהמע ווערען צום גרעסטען טייל זאלכע מענשען אונטערשטיצט וועלכע אהנע דעם שוין א זיכערע עקזיסטענץ האבען און זאגאר די וואס פערדיענען ווירקליך א אינטערשטיצונג מוזען דיעזע אונטערשטיצונג וויעדער צוריק געבען דורכדעם וואס זיי בעצאהלין טייערער די מצות אויף אזוי א אופן ערדייכט דער אונטערשטיצטע גארנישט און ווערד נאך געביאנרמארקט מיט דעם נאמען: „שטאדט-אביון" וואס לעבט פון עפענטליכע אונטערשטיצונג (און קהל נעהמט איהם דעפאר א וועק ס'וואהלרעכט, אנמ. של הבחור הזעטצער).

5) דאס האבען אנדערע קולטוסגעמיינדען אין אנדערע שטעדט איינגעזעהען עס גענינט בלויז הינצואווייזען אויף די ק. ג. אין קראקא וועלכע האט בעשלאסען מיט דעם אלטען סיסטעם צו ברעכען און דאס פסח מעהל אום דען איינקויפס-פרייז צו פערקויפען.

6) די וואהרהאפט ארמע לייט מוזען יא אויף פסח אונטערשטיצט ווערען אבער דאס נעטיגע געלד דאצו זאל פערשאפט ווערען פון די עפענטליכע וואהלטעטיגקייט און ווען די קולטוס-געמיינדע וועט דאס אונטערשטיצען וועט דאס א ודאי זעהר לייכט צוזאמענגעבראכט ווערען.

אויף דעם אופן וועט אהן שארען פאר די ארימע לייט און ארבייטער-קלאס דער פרייז פונ'ם פסח מעהל ענטשפרעכענט זיין און די איצטיגע שווערע לאגע וועט דעם ארימען פאלק ערלייכטערט זיין.

דיעזע מאטיווע בערייטען מיר דעם קולטוס-ראט צור בעראטונג און צו בעשלוספאסונג אז מען זאל היי יאהר צום פסח מעהל קיינע צולאגען מאכען. דער יודישער פאלקספעראיין.

וועט קהל דיעזע ביטע ערהערען? ווי מיינט איהר? שוין האבען זיי זיך געלאזט הערען אז בשום אופן וועלען זיי דאס נישט נאכגעבען. מיר האבען דאס אויך פאראויסגעזעהען מיר האבען אבער מיטעל זיי דאצו צו צווינגען און מיר וועלען זעהען.

## פעליעטאן.

### די קרעמערין.

א ערצעהלונג

פון ה. דומעלה.

פארטזעצונג

ווי אונזערע קרעמער זענען אנגעקומען גאנץ פריה אין שטעדטיל אריין ווי דער מארק איז היינט, האבען זיי זיך גענומען באלד צום אויספאקען. יעדער האט זיך געשטעלט אויף זיין פלאץ און אויפגעשטעלט זיין בודע, און באלד האבען זיי אנגעהויבען צו שרייען און צו צורופען קונים...

שפרה ר' חייקילים טאכטער די נייע קרעמערין אבער, האט זיך אויסגעזוכט אווינקעלע אין עק מארק און האט אויף דער ערד אויסגעסדר'ט איהר סחורה: טיכלעך, שירצלעך סטענגעלעך, קינדער שפיעלעכלעך: פידעלעך קלעפעלעך פערדלעך און פערשידענע צשאצשקעלעך...

זעהר אומעטיג שטעהט זי ביי דער סחורה. מען דער קענט איהר אין פנים איהר ביטער געמיטה. זי איז טיעף פערטראכט:

ווער ווייסט אויב זי וועט היינט מצליח זיין אין איהר מסחור? — טראכט זי זיך — ווער ווייסט אויב ס'וועט זיך א הער פערבלאנזשען צו איהר עפיס א קונה? דער מארק איז דאך פיעל מיט קרעמער און פויערן, קונים, איז זעהר ווייניג דא. ווער ווייסט?...

אין פירכטערליכע פערצווייפלונג האט אנגעהויבען איהר הארץ צו בעקלעמען. ס'טייטש, די שנירלעך פערל, דאס איינציגע צירונג וואס איז איבערגעבליבען איהר מוטער פון די חתונה האט זי נעכטען פערזעטצט ביי יוכבד'ן אבאלע שניידערס ווייב און פאר דעם געלד האט זי זיך פערשאפט די קרום דא. זאל זי חלילה נישט אזוי פיעל פערדיענען אז זי זאל קענען בעצאהלען יוכבד'ן פראצענט פון א וואך און אויף רייזע שפעזען אזוי וועט זי נאך א סאך פערליערען... נאך געלד פערליערען נאך דאס פעהלט איהר. אוי ווי שרעקליך איז דער געדאנקע! זי איז דאך איינגעפאהרען אז זי זאל פערדיענען וועלכען גראשען. דען זי איז דאך זעהר נויט-בעדירפטיג זי ברויכט פאר די מוטער'ס וועגען אויף מעדיצינען איהרע קראנקע מוטער נעביך! שוין א יאהר איז זי לונגען ליידענד און קען נישט פערדיענען קיין צ'ל און זי דאס יונגע מיידעל מוז דאס הויז פערזארגען דעם דאקטאר בעצאהלען, פרנסה געבען און קליידען איהרע יונגערע ברידער וואס לערנען אין דער ‚תלמוד תורה'. אצינד זאל זי נאך פערליערען פון דעם געלד פון די פערל!...

אה ווי פירכטערליך איז דער געדאנקע! ניין. זי וועט דאס נישט איבערהאלטען!...

א ביטערער זיפץ איז הערויסגעפלאצט פון איהר ברוסט, און טרערען האבען גערינען פון איהרע אויגען. וואס האט זי אבער געזאלט טהון? איז זי אפשר נישט געוועזען געצוואונגען הערויסצופאהרען: איין גאס חיים אז זי מיינט דא נישט די איבריגע קרעמער מצער צו זיין, זי איז זיי נישט מקנא חלילה, און וויל נישט נעהמען אין זייער חיונה אריין. חלילה, זי וויל נור זיך, איהרע קראנקע מוטער און די ארימע ברידער ערנעהרען...

באלד איז שוין א האלבער טאג פאראיבער און זי שטעהט נאך פערטראכט אין איהרע געדאנקען. פלימצלינג האט זי זיך אויפגעכאפט און א בליק געטהון צו די איבריגע קרעמער אזוי האט זי בעמערקט אז אלע זענען בעשעפטיגט און פערנומען מיט זייערע קונים. אלע זענען פרייליך און לוסטיג מחמת זייער לייזונג נאר זי אליין שטייט פערלאזט און טרויריג. נישט א מאל איין זאך האט זי דאס געזאלט פערקויפען. דאס קען זי

26 מיליאָן פון די אלגעמיינע ועלענצאהל דאָס הייסט אלזאָ 4,69 פראָצענט. אין גאליציען זענען דא יודען 11,09 פראָצ. און אין דער בוקאָווינא 13,17 פראָצ. חתונות זענען ביי יודען געווען אים יאָהרע 1903 נור 5068 דאָס הייסט 3,78 פראָצ. אין גאליציען און בוקאָווינא אליין 5773 ד. ה. 9 פראָצ. די סיבה דערפון איז וויל אם מייסטען הייראטען יודען נישט געזעטצליך און זענען פאדעם נישט איינגעטראגען מישעהען יודען מיט קריסטען זענען געווען ביז אצינר 139. די צאָהל פון יודישע שילער אין די אוניווערזיטעטען איז 333 ד. ה. 154 פראָצ. אין די טעכנישען האָך שולען 1331 ד. ה. 161 פראָצ. די צאָהל פון די יודען אין די מיטעל שולען איז: 24,681 ד. ה. 14 פראָצ. די סיבה פון דעם גרויסען פראָצענט פון די יודען אין די שולען איז וויל די מייסטען יודען וואוינען אין שטעדט ווערענד סירוב פון אנדערע פעלקער וואוינען אויפ'ן לאנד.

# קליינעם פעליטאָן.

## דער משורר.

געווידמעט ח. נ. ביאליק.

ער זיצט אליין, פארטראכט און פארקלערט
זיין נשמה איז ווי א פידעל
מיט געפלאצטע, בעריסענע סטראָנעס,
זיין הארץ — א אויסגעטריקנטע קוואל.

די שטאָר איז ביי איהם אבות עולם
אלעס פערוויסט און חושכ'דיג
זיינע חלומות ליגען אין קבר
און זיי פוילען, און זיי פוילען

די וועלט איז אין גאנצען אהן יושר,
אהן אשטיקעל געפיהל, רחמנות
דאריבער האָט ער אגדר געטהון
נישט צו דיכטען, נישט צו זינגען

גילדענע סטראָנעס בעציעהען דאָס הארץ
א גאלדענער פידעל — דאָרט געוועבט
ער דאָרף, און טהור אָבער נישט זינגען
ער האָט א נדר געגעבען

דאָס הארץ בעוועגט זיך, קאָכט און רעשט
און עס פליסט דאָרט מעלאָדיען,
די זינג — קוועלען הודזען און פליסען
שטרעמען און רוישען מיט גתאלד, ווילד

ר'האָט מורא אז קוואלענדע מעלאָדיען
זאָלען איבערפילען דאָס הארץ
זיי וועלען די געוועבטע סטראָנעס אגריהרען
און די פידעל וועט אליין שפיעלען...

ער האלט איין זיין אטהים מיט די צעהן
זיין הארץ צאפעלט און טהוט שפרינגען
ער קען די טהענער נישט צוריקהאלטען
זיי רייסען זיך מיט געוואלד צו זינגען

— — — — — — — — — — — — —

ער האָט אָבער געשוואוירען
ר'פיהלט, אז א רחמנות'דיגע טהרער,
וואָס וועט פאלען אין די קווערע
וועט, אליין, דאָס הארץ איבערפילען
און ארויסגעבען זיסע טענער

— — — — — — — — — — — — —

די טרער איז געפאלען, איבערפלאָסען.
און דאָס הארץ האָט אָבער... געפלאצט
מיט א דינערדנען צארן און קללה...

טארנוב — גודה בן פלתי.

# קהל מיט א צושפאלטענעם מח.

(א בייקע)

פון חיים פאלקענשפאטך.

אין אשר ווילט איהר גאר
כיר דאָס נישט גלויבען
אין ועט זאגען ס'נישט וואהר
ס'האָט זיך נישט אנגעהויבען

זאג איך אייך אין פארהיניין
אמת: ס'נישט געשטויגען
יזמת: ס'נישט געפלייגען
ס'וועט נור א בייקע זיין

פארצייטענס פאר א סך יאָהרען איז געווען אמאָל א גרויסע מדינה און אין דער מדינה איז געווען א גרויסע שטאָדט און אין דער שטאָדט האָבען געוואהנט א סך יודען און א סך נישט יודען. איבער די נישט יודען האָט רעגירט א פריץ און איבער די יודען איז בעשטאנען פון דעם, שלימזל קהל'ס ראש פון שקר קהל'ס מח פון לעקישבער קהל'ס סעקרעטער און פון די לעקישבערקע דעם סעקרעטערס וויב און שקר'ס טאכטער. די גאנצע חבריא האָבען געפיהרט תמיד דאָס רעדעל און האָבען געהערשט ביד חזקה. ויהי היום איז-צושטערט געוואָרען ביי קהל דער שלום ביק. וואָס איז געשעהען? לעקישבער האָט מקנא געווען די לעקישבערקע זיין וויב און וויל ס'שוין דעמאָלט נישט געווען א כהן גדול האָט ער אליין בכבודו ובעצמו געוואָלט מקיים זיין „לנפיל ירך ולצבות בטן..." גו, האָט אָבער שקר קהל'ס מח און לעקישבערקע'ס טאטע זיך אנגענומען זיין טאכטערס קהל'ס סעקרעטער האָט א סאמאָוואר — ויש אומרים א לאָמפ — און ווארפט איהם אין שקר'ס מח אריין ד. ה. אין קהל'ס מח אריין און צושפאלטעט איהם מאוס, ס'בליט פון מח פון קהל'ס מח האָט געשפריצט ווי פון א טוט און איז נעביך געפלאָסען ווי וואסער אויף דער ערד און האָט געמאכט רויטע פלעקען און פון די פלעקען האָט מען געקאָנט לעזען קהל'ס געדאנקען פון א סך יאָהרען, קהל'ס פלאנען אויף להבא קהל'ס סטראטעגיק ביי וואהל-מלחמות... בקיצור אלע סודות פון קהל'ס חדר'ל זענען נתגלה געוואָרען דורך שקר'ס צושפאלטענעם מח ד. ה. קהל'ס מח און שלימזל דער ראש הקהל איז געבליבען אהן א מח ד. ה. מיט א צושפאלטענעם מח. ביטער כמו גאל וואָס טהוט קהל אהן א מח? און שלימזל אהן שקר? בקיצור מען מאכט אנ'אסיפה מען קלערט און מען ראדושעט הין און אהער... פלוצלינג קומט א גאנצע חמארע פאָלק פון אלדעשווארצע יאָהר און שרייט געוואלט: ניין, מיר ווילען נישט אז שקר מיט שלימזל זאָל זיין אונזער קאָפ אין מח, ניין, מיר ווילען נישט לעקישבער פאר א סעקרעטער. מיר זענען שוין צום שכל אליין געקומען... ניין, ניין!...

דאָס שלימזל דער ראש אהן שקר דעם מח איז געוואָרען בלוין און בלוי פאר מורא און פאר חרפה און די חמארע פאָלק פון אלדעשווארצע יאהר האָט בעשלאָסען פה אחד אז:

פון היינט אן דארף מעהר נישט זיין ביי אונז אין שטאָדט:

1) א שלימזל א ראש.

2) א שקר א מח.

3) א לעקישבער א סעקרעטער.

דאָס אלעס איז געוואָרען פארשריבען און פערחתמ'ט אין דעם פנקס הקהלה וואָס געפינט זיך נאָך עד היום אין דערזעלבען שטאָדט פון דערזעלבען גרויסען מדינה וואָס איז אמאָל געווען פארצייטען פאר א סך יאָהרען.

# דאס יודישע סעמינאר אין לעמבערג.

ווי מיר אוים פראפעסארס שטערנבאך'ס פריוואט בריעפע ערפאהרען האבען, האט די פון דער היהגעסלעט אויסגעשטאנענע חבריה „מחזיקי-הדת" וכל אביזריהו געשריבען אן איהם א מעמאראנדום אין וועלכען זיי פערלאנגען פון איהם אז ער זאל אין דעם סעמינאר אנשטעלען ארטהאדאקסע מלמדים אויף דעם אופן וועלען זיי זיך מיט איהם איבערבעטען און צוזאמען בעקעמפפען די ציוניסטען. דא ווערענד די ציוניסטען — הייסט עס אין דעם מעמאראנדום — דאס אינסטיטוט זאכליך בעקעמפפען זיי, די ארטהאדאקסען אבער עס נאר חענען די פארם בעקעמפפען אזוי העלען זיי ביי דער אומענדערונג פון די פארם דאס סעמינאר אונטערשטיצען און מיט שטערנבאך צוזאמען ארבייטען. אויף דעם האט שטערנבאך געענטפערט — ווי ער זעלבסט אין זיינעם בריעף שרייבט — אז איהם איז ליעבער איינע זאכליכע קריטיק פון די ציוניסטען אלס איינע פארמעלע פון די ארטהאדאקסען, און דא דאס אינסטיטוט וועט בערופען אויף וויסענשאפטליכער באזיס אזוי איז א קאמפראמיס מיט די קאנסערוואטיווען אונמעגליך. וואס די ציוניסטען אנבעלאנגט ווירד ער געצוואונגען זיין זיי צו זיך צו צוציעהען דען מען מוז דאך דען צוטריט צום סעמינאר פריי מאכען פאר יעדען און ווי דען זאל מען נעמען תלמידים ווען נישט פון די איצטיגע גימנאזיאסטען וואס ס'רוב פון זיי זיינען ציוניסטען. ער האפט אז די ציוניסטען אליין וועלען איהם אונטערשטיצען נאכדעם זיי וועלען זעהן אז דאס אינסטיטוט וועט געלייטעט ווערען ריין אביעקטיוו און יעדע פארטייליכקייט וועט פונ'ם סעמינאר פערן געהאלטען ווערען. אצינד בעקעמפפען זיי איהם צוואר נאך ווייל די זאך איז נאך נישט געווארען און מערווין און אשקנאזי שניידען דאס סעמינאר צו נאך זייער פארטייי פארם. ער איז אבער נישט איידענטיש מיט „יערנאשיץ" און מערווין עט קאמם. ער האפט אבער אז ווען דאס סעמינאר וועט צושטאנדע קומען און מען וועט איינזעהן אז עס ווערען דארט נאר געפפלעגט אביעקטיווע וויסענשאפטען און נאך דאצו יודישע וויסענשאפטען אזוי וועלען איהם נאך אם מייסטען די ציוניסטען אונטערשטיצען.

---

# פון דער פראווינץ.

מיעלעץ. ווען די יודישע היסטאריקער וועלען אמאהל נייען אויסרעכנען די מעלות טובות פון יעדען ודישען גאליצישען שטעדטיל האפט איך איך, אז זיי וועלען אין מיעלעץ אודאי נישט פערגעסען. ווארום מיינט איהר דען, חס ושלום, אז מיעלעץ איז נישט א יודישע שטאדט מיט אלע פיטשעווקעס. מיט א מהומה'לע צווישען דעם כלי קודש אין א פראסטען מיטוואך, מיט א מחלוקה'לע וועגען א יודישען מאגען וואס קען פערדייען א פעטען „ששי", אז דא רעגירט נישט אדעספאטישער רב, אשר כל הישר בעיניו יעשה, וואס פעיגליסט זיך איהם טאקע מכבד צו זיין א אונשילדיגען מעניש אפאר הייסע, ברענענדיגע, אנגעמאסטענע, פלאמענדיגע פעטש, מיינט איהר אז דא מאכט זיך נישט איין מאל א עבוב-הקריאה, מצד הנשים, באשר דער רויטער ראש הקהל רעגירט צו פיעל מיט קהל'ס..., אין פאר דעם בריעכט מען די הענד און פים אין פארפינסטערטען בלאטיגען באד אז איהר קלערט, אז דא איז אין פריץ אין צוחה האט איהר במחילה א גרויסען גראבען טעות. ובכן יזמוד די ליעבהארצעריקע שקיה ישמה בישראל: מיעלעץ.

די געוועזענע ריבסראטסוואהלען ביי וועלכע מיר האבען געקעמפפט במסירת נפש, ריידער אהן א ערפאלג, האט אביסל דעם היענען עולם אויפגעוועקט זיך אויפגעחאפט פון זייער שלאף. זיך אומגעקיקט ווער מ'שטיינס געזאגט זענען זיינע מנהיגים. די הדיוטים הקופצים בראש. און נאך די שווערע ניעדערלאגע ביי די וואהל האבען זיי נישט פערלוירען דעם מוטה אין טאקע ווייטער געארבעט, מיר האבען געוואלט גרינדען א פאליטישען פעראיין וואס זיין אויפגאבע זאל זיין צו שיטצען די יודישע אינטערעסען אז נישט יעדער זאל א רעה זאגען צו אונז אריין, און אויך אונטערשטיצען ניעדערנעשלאגענע סוחרים מיט געלד בייטרעגע. דאכט זיך וואס קען דאס עמעצען שאדען אין דאך האבען זיך געוויזען מהבלים וואס האבען איינגעזעהן אז מיט גוטען ווירען זיי נישט אויספיהרען, האבען זיי זיך גענומען צו איינפאכע ניעדערטרעכטיגע מסירות אין דראהונגען. דאס הייסט אויף יודיש: טא, נא דיר אין מיש דיך נישט, ס'איז דא אנדערער פון דיר. זעהט איהר, אז דא שיקט מען נישט בלויז „חתונה בריוולעך"... (פארלאדונג) נאר מען שיקט באלד נאכן מהותן 2 „נבאים" אין מען הייסט איהם מוהל זיין זיך איבערצייגען צום „פריץ" וועלכער איז ארחום וחנון, אין נא די 100 קראנען שטראף האבען ערשטען מאל אין ווייטער אריין למען השם, זאלסט וויסען שמעקט דאס מיט... הפוסה. נישט לאנג האבען זיך די היגע פינסטערלינגע בבחינת פלערערמויז געסטארעט אין האבען טאקע אויסגעפיהרט צו שליעסען אלע היעגע פעדערן-פאבריקען. ווייסט איהר פארוואס? ווייל זיי זענען געוועזען נעגען באבינסקי. אין א דאנק די אנשטרעבונג פונ'ם „יודישען קלוב" האט מען זיי די פאבריקען ווידער געעפענט. מיינט מען, דאכט זיך, אז עס איז שוין גענוג זיצען אבער די חברה לייט ווייטער נישט שטיל אין ארבייטען ווייטער מכח א ווינק פון אויבען... אויף קעסעל כלים צו טראכטען די פאבריקען ווידער דורך געמיינע מסירות צו שליעסען, זיי האבען אפילו געפינען אז די פאבריקען זענען נישט לויט פארשריפט פון די סאניטעטס בעהערדע נאר די סאניטעטס בעהערדע גייט אזוי פיל אב די פאבריקען, ווי דעם רב מיט'ן ראש הקהל יודישקייט...

זיי ווילען אבער נישט וויסען אז פון די פאבריקען ציהען די חיונה 100-טער יודישע ארבייטער, וואס זייער עקסיסטענץ קענט געשעדיגט ווערען דען אין א אנדער בראנש זענען זיי נישט בעקאנט.

איך האף אבער אז די אלע געמיינע דראהונגען און מסירות וועלען אונז נאך צו דער שווערע מלחמה אנאייפערען. א שטיקל נצחון שיינט עס, האבען מיר שוין, דען ווי עס הייסט דאט מען דעם היגען „פריץ" מעביר מגדולה געוועזן.

נעצל דוד לעהרער.

---

# כראניק.

פערמישטעס. אם 29 ד. מ. וועט זיין היער אין טארנאוו איין פאלעסטינא-אבענד מיט ליכטבילדער וואס וועלען וויזען פערשידענע בילדער פון דעם לעבען פון די יודישע קאלאניסטען אין פאלעסטינא. נעהערעס וועט מען דורך פלאקאטע אנצייגען. —

— אין די נעכסטע צייט וועט היער אבגעארדנעטער אדאלף שטאנד היער אין טארנאוו איינע רעדע האלטען איבער די טעטיגקייט פונ'ם יודישען קלוב אין רייכס ראטה. —

— דער יודישע נאציאנאל-פעראיין פיר עסטרייך האט איין רעכטסביראה געגרינדעט צו וועלכעם עס קען זיך ווענדען יעדער יוד וואס ער איז בערויבט געווארען פון זיין רעכט אין פאליטישען אנגעלעגענהייטען אדער אין פריוואט זאכען. אויך קען מען זיך ווענדען צום ביראה אין אלגעמיינע בירגערליכע אינטערעסען, די טיכטיגסטען אדוואקאטען פון גאנץ עסטרייך ערטיילען אים רעכטסביראה קען געוואנען אויסקונפט אומזיסט. עס איז שוין בערייטס אין פיעלע פראווינץ שטעדט אזאלכע פיליאלען געגרינדעט געווארען. —

— די וואך האט מען אין ליסאבאן אין פארטינאל דעם קעניג קארלאס מיט זיין זאהן דעם טראהנפאלגער אויף דער שטראסע אויפ'ס טויט דער שאסען און יענע וואך האט מען אין טארנא יוסיל אייזענבערג דעם מוה צו שפאלטען. —

יודישער פאלקספעראיין. דעם שבת'צונאכט האט דר. בארנעניכט אים פעראיינסלאקאלע איין פארטראג געהאט איבער די רעפארם פונ'ם פרעסגעזעטץ וואס האט נאך געזאלט אויסגעפיהרט ווערען אין קערבערס צייטען און איז נאך נישט ביז היינט ערלעדיגט. דער רעפערענט האט געשילדערט דאס היינטיגע רעאקציאנערע סיסטעם וואס דאדורך איז די פרעסע זעהר בעשרענקט און דען גרויסען שאדען וואס די זשאנאליסטען ליידען דאדורך, און האט ענטוויקעלט פערשידענע רעפארם — פראיעקטע וועלכע געאייגנעט זענען די היינטיגע איבעל אבצושאפען.

ספרי תורות פערברענט. אין קאלאמיא איז געוועזן יענעם שבת א שרפה אים אלטען ביהמ"ד און עיקר ספרי תורות זענען פערברענט געווארען. דאס פייער איז ארויסגעקומען דורך א יאהרצייט לעכט וואס איז געשטאנען ביי דעם ארון הקודש. ס'ביד"צ האט גוזר תענית געוועזן זונטאג און מען האט די פערברענטע תורות בעגראבען אויפ'ן בית עלמין.

יודישע שטאטיסטיק אין עסטרייך. דער שטאטיסטישע צענטראל אויסשוס האט ארויסגעגעבען א בוך איבער די שטאטיסטיק אין עסטרייך. פון דעם דאזיגען בוך ערפאהרען מיר די צאהל דער יודען אין עסטרייך, נאך דיזען גיבט נישט אין עסטרייך א מדינה אהן יודען. אין די 17 עסטרייכישע מדינות איז דא 556 יודישע קהלות. אין גאליציען אליין איז דא 253 קהלות די צאהל פון אלע יודען אין עסטרייך (הוץ אונגארן) איז געוועזן אים יאהרע 1900 לערך 1,224,721 אונטער

---

נישט מעהר אויסהאלטען און זי פלאטצט הערוים נאך א מאל מיט א יעמערליך געוויין...

מיטאג צייט, בשעת דער גלאק פון די שטאדט קירכע קלינגט און די פויערן פערקריכען זיך האלטענדיג ס'היטל אין איין האנד און מיט די אנדערע דעם שתי וערב מאכען. דעמאלט רוהען זיך דא קרעמער'ס א ביסל אב חאפען געוועהנליך דעמאלט א ביסען אדער מען צו שמועסט זיך איינער מיט דעם אנדערן מכה דעם מארק.

אט דעמאלט פרעגט שלום אים שמש'ס די איבריגע אזוי:

— „ווי איז די „נייע'ס" שטעלע? —

— דו זעהסט נישט? דארט אין עק מארק אים חינקעלע!... ענטפערט איהם נחמן פעסעלעס קורץ, עפים פערדריסיג.

— „דארט?... א גוטע שטעלע מישטיינס געזאגט!..."

— זאגט'ס וואס איהר ווילט מיר טהוט די ארמע שפרה זעהר לייד. נעבעך א אומגליקליכע נשמה. מילא ס'איז שלעכט א יעדען. אונז למשל איז גוט? אבע ס'פאראהן שלעכט און נאך ערגער. שפרה חייקיל'ס איז זעהר ביטער...

— יא ס'איז איהר זייער ביטער אבער מיינסט די אפשר אז דאדורך וואס זי איז געווארען א קרעמערין וועט זיך איהר דאס מזל בעקעהרען? ניין מיין אדרבה עס וועט נאך פיעל ערגער זיין. ביים נייען האט זי א סך מעהר פערדיענט ווי זי וועט דא פערדיענען ביי קרעמעריי. א היינטיגער קרעמער! דערבארמיגער פאטער אים הימעל! אלע שונאי ציון געזאגט אזוי א לעבען אזוי א פערדיענסט. א סך זיכערער איז שפרה געוועזען ביי איהר מלאכה. ווי זענען מיר קרעמער תמיד אויסגעזעטצט דעם צופאל. און אונזער פערדיענסט מישטיינס געזאגט אין א לעכעריגען באטעל פאלט ער תמיד אריין. ח"עבען אז איך מעכט מיך נאך היינט געוענט אויסלערנען עפים א מלאכה מעכט איך דעם פערחושכ'טען מסחור אוועקגעווארפען צו אל טייוולנים. די וועלט מיינט אבער אז מיר האבען אוצרות מיט געלד און דאדורך געהען זיי תמיד אין אונזער חיונה אריין...

— דו ביסט נישט גערעכט שלום — ענטפערט איהם נחמן — דו קענסט נישט שפרה און ווייסט נישט וואס זי איז און פאר וואס אייגענטליך זי האט אוועקגעווארפען דאס שניידעריי. פרעג מיך וועל איך דיר דערציילען דען, איך וואוין דאך אין שכנות מיט שפרה. דאס נייען האט איהר צו גענומען איהרע כוחות און זי איז דאדורך קראנק געווארען. זי איז דאך שוין א עלטער מיידעל בעדארף שוין א שידוך צו טהון און דא איז נישט דא א גרייצער אין שטוב.

(פארטזעצונג קומט).

# חמשת האשכלות!

**ביי דער רעדאקציאן פון דער יודישע שטימע איז דא צו בעקומען אלע 5 אשכול'ס פון דר. גינציג זעהר ביליג ווי אויך „הלאה הנשק"! „לוח שעשועים" משנת תרס"ג.**

אדרעססע **„די יודישע שטימע", טארנא.**

## פונ'ם פעראיין „השחר".

1) דער פעראיין „השחר" (שפיטאלגאססע) פעראנשטאלטעט יעדען שבת האלב 2 נאכמיטאג ליטעראַרישע וויסענשאפטליכע און פאפולערע

# פארטרעגע.

**אנטרעע פריי זאוואהל פיר מיטגליעדער אלס אויך פיר ניכטמיטגליעדער. — עס ווירד געבעטען זעהר צאהלרייך און פינקטליך צו ערשיינען.**

2) ביי דער לעצטער זיצונג האט מען בעשלאססען 2 אונענטגעלדליכע קורזע פאר'ן העבראישען אונטערריכט צו גרונדען. דער ערשטער קורס איז פיר אנפענגער, דער צווייטער פיר די יעניגע וואס קענען אינ'ם העבראישען מעהר בעלעזען. איינשרייבונגען יעדען טאג ביים ביבליאטעקער אינ'ם פעראיינלאקאל פון 6 ביז 7 ביינאכט.

טארנא, כ' אדר ראשון התרס"ח

**דער אויסשוסס.**



Wydawca i odpowiedzialny redaktor: H. Rumeld. Drukiem S. L. Deutschera w Podgórzu